# נייעס

# פון יענער וועלט

### אײן װאהרע ערצײלונג.

פערפאַסט פאָן

## י. ל. אַסטרינסקי.



## ווילנא

שנת תרע"ג לפ"ק

Новости съ того свѣта.

разсказъ Л. Остринскаго.

ВИЛЬНА.

Типографія А. Г. Розенкранца и М. Шрифтзетцера,

на Лидскомъ переулкѣ, домъ № 2598/13

1913

# פָאררֶעדֶע.

עָס קֶען פִילַייכְט זַיין דָאס פִילֶע פוּן דִיא לֶעזֶער און לֶעזֶערִינְס, וֶועלֶען קוּקֶען אויף מַיין קְלֵיינֶע עֶרְצֵיילוּנְג „בַּייֶעס פוּן יֶענֶער וֶועלְט“ וִוי אויף אַ פַאלְשֶׁע פַאנְטַאזִיֶע, וִויא אויף אַיין אִיבֶּער-נַאטִירְלִיכֶע זַאךְ, רִיכְטִיגֶער גֶעזָאגְט — וִויא אויף אַ זַאךְ וֶועלְכֶע הָאט גֶעקֶענְט טְרֶעפֶען אִין פֶערְגַאנְגֶענֶעם לֶעבֶּען... אִין דִי פִינְסְטֶערֶע צֵייטֶען...

און דַארוּם גֶעפִין אִיךְ זִיךְ נֶאטְה-וֶוענְדִיג צוּ זָאגֶען, אַז דִי קְלֵיינֶע עֶרְצֵיילוּנְג אִיז אַ טְאַהְרֶער פַאקְט פוּן לֶעבֶּען, וֶועלְכֶען עָס הָאט אַלֵיין בַּאיי גֶעוֶועהְנְט.

דֶער פֶערְפַאסֶער.



## 1.

## אַרַעש אין שטאָדט.

עס שומט, עס רוישט, עס קאכט, אין „לאָרקיץ“. וואו מיא געהט, וואו מיא שטעהט, בעגעגענט מען אַליץ רעדלאַך מענשען וועלכע שאָקלען מיט דיא קעפּ, שמאַקצען מיט דיא ליפּען, אונ ריידען וועגען עפּעס שטאַרק פעראינטערעסירט.

וואס איז דאָס? וועלכע בעגעבענהייט איז דאָס דאָרטען פאָרגעקומען? וואס האט דאס געקענט אַזויא פעראינטערעסירען דיא „לאַרקיצער“? פילייכט דאַרף מען וועגען עפּעס נוזר תענית זיין?... פילייכט האָבען זיך ענטדעקט פערבאָרגענע זינד?...

ניין! ניט וועגען דעם שמועסען דאס איצט דיא „לאַרקיצער“, איצטיגער שמועס, איז פיל וויכטיגער אונ ערהאבענער, וויא טויזענדער מאהל נוזר תענית זיין, אונ אפילו פאר פערבאָרגענע זינד, זעהר אַהאונדערליכע נייעס האט איצט אין „לאַרקיץ“ פּאַסירט, אין „זלמן דעם שוסטערס זוהן“ איז נעכטען אַוועקגעפאהרען(?) אַריין אַ „גלגול“.

„איך פֶערְשְׁטֵעה דָאס אָבֶער נִיט – הָאט וִויא מִיט כַּעַס גֶערֶעט „חַייקִיל דֶער מְלַמֵד“ – אִיר רֶעט אוּנ רֶעט, אוּנ אִיךְ פֶערְשְׁטֵעה אֲפִילוּ אַוָואָרְט נִיט, וָואס הֵייסְט דָאס, וָואס אִיז שַׁייךְ? אִיךְ מֵיין דָאס טַאקֶע אָט דִיא מַעֲשֶׂה מִיטֶען גִלְגוּל“.

„וָואס פֶערְשְׁטֵעהְט אִיר דָא נִיט רֶ׳ חַייקִיל? דָא לִיגְט דֶען עֶפֶּעס אַשְׁפִּיצֶעל? דִיא מַעֲשֶׂה אִיז גָאר אַפָּשׁוּטֶע, אִין זַלְמָן דֶעם שׁוּסְטֶערְס זוּהְן אִיז אַרַיין אַ גִלְגוּל“.

„אָט דָאס פְּרֶעג אִיךְ דָאךְ טַאקֶע רֶ׳ לֵייבּ, אִיר דֶערְצֵיילְט מִיר אַנַייעֶס, אַז אִין אִיהְם אִיז אַ גִלְגוּל אַרַיין, דָאס וֵוייס אִיךְ אָהְן אַייךְ, נָאר אִיךְ מֵיין גְלַאט, וִויא זָאגְט מֶען דָאס, עֶפֶּעס דֶער גַאנְצֶער עִנְיָן פוּן גִלְגוּל אִיז מִיר גָאר אוּם-פֶערְשְׁטֶענְדְלִיךְ“.

„אַי, גֶעזוּנְד זָאלְט אִיר מִיר זַיין רֶ׳ חַייקִיל, אִיר זַייט דָאךְ עֶפֶּעס צְווִישֶׁען זִיךְ רֵיידֶענְדִיג אַ אִיד אַ בֶּן תּוֹרָה, דַארְפְט אִיר דָאךְ וִויסֶען, אַז עֶס טְרֶעפְט אַמָאהְל אַז דִיא נְשָׁמָה פֶערְזִינְדִיגְט זִיךְ אַזוֹיא פִיל, אַז אֲפִילוּ דֶער גֵיהִנוֹם אִיז אוֹיךְ פַאר אִיהְר וֶוינְצִיג, אוּנ דַאמָאלְסְט מִשְׁפֶּט מֶען אִיהְר אָבּ, זִיךְ אַרוּם צוּ וַואלְגֶערֶען אוֹיף אוּנְזֶער זִינְדִיגֶע וֶועלְט“.

„נוּא אוּנ וָואס קֶען זַיין דֶער סוֹף מִיט אַזַא זִינְדִיגֶע נְשָׁמָה“?

וָואס ווילְט אִיר רֶ׳ חַייקִיל זָאל זַיין דֶער סוֹף? אָט זיא וַואלְגֶערְט זִיךְ אַזוֹיא אַרוּם וואוּ אַטָאג, וואוּ אַנַאכְט,

ביז

בִּיז חַאנֶען זִיא גֶעפִינְט אַנְלִיקְלִיכֶע מִינוּט זִיךְ אַרַיין צוּ חַאפֶּען אִין אַמֶענְשֶׁען".

„דְהַיינוּ וָואס פַאר אַגְלִיקְלִיכֶע מִינוּט ?"

„דָאס רֶ' חַייקִיל הָאט קַיין פַאר-אִיבֶּעל נִיט פְרֶענְט אִיר שׁוֹין וִויא אַ אִינְגִיל, אִיךְ בִּין דָאךְ נִיט, קַיין „בַּעַל מְקוּבָּל" וָואס אִיךְ זָאל אַייךְ קֶענֶען עֶרְקְלֶעהְרֶען, אִין וֶועלְכֶע מִינוּטֶען זִיא הָאט רְשׁוּת, זִיךְ אַרַיין צוּ הַאפֶּען אִין אַמֶענְשֶׁען".

„נוּא אוּנ וָואס אִיז שׁוֹין, אַז זִיא חַאפְּט זִיךְ אַרַיין אִין אַמֶענְשֶׁען ?"

„רַאטָאלְסְט גֶעהְט זִיא אַנְדֶערְשׁ נִיט אַרוֹיס בִּיז וַואנֶען מִיא נִיט אִיהְר קַיין תִּיקוּן „נִיט".

„אִיר וֵוייסְט רֶ' לַייבּ, אַז עֶס אִיז דָאךְ נָאר אַשְׁרֶעק צוּ הֶערֶען אַייעֶרֶע רֵייד, אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגֶען דִיא רִיכְטִיגְקַייט, אַז אִין קַבָּלָה גְלַייבֶען, בִּין אִיךְ – וִויא דֶער אֶמֶת זָאגֶענְדִיג, – אַגְרוֹיסֶער עַם הָאָרֶץ, אוּנ וַוייטֶער הָאבּ אִיךְ עֶפֶּעס בַּייא אוּנְז אִין „לוּבָּאסְק" קַיין מָאהְל נִיט גֶעהֶערְט פוּן דֶעם".

אָט דָאס אִיז דָאךְ טַאקֶע דִיא מַעֲשֶׂה מִיט אַייךְ רֶ' חַייקִיל, וָואס אִיר זַייט אַלֵיין פוּן דִי זִינְדִינֶע „לוּבְּאסְק" אַ שְׁטָאדְט וָואס וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט – אִיז זִיא פוּל מִיט רְשָׁעִים אוּנ אַפִּיקוֹרְסִים, אָבֶער בַּייא אוּנְז אִיז רַאנְקֶען נָאט אַזֶעלְכֶע זַאכֶען נִיט זֵעהְר פוּן דִי זֶעלְטֶענְהַייטֶען, דֶען צוּ

אתוערש

„אוּנְזֶערְן“ זָאל לֶעבֶּען פָּארְט מֶען דָאךְ עֶפֶּעס פוּן אַ הַאלְבֶּע וֶועלְט, אוּנ מִיר הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין גֶענוּג זַאכֶען אָן גֶעזֶעהְן פוּן אִיהְם.

„נוּא אוּנ מִיט דֶעם גִלְגוּל, וָועט מֶען זִיךְ גֶעוִויס אוֹיךְ וֶוענְדֶען צוּ אִיהְם?“

„גֶעוִויס, וָואס פְרֶעגְט אִיר דָא פַאר אַקְשִׁיוֹת, אִיךְ זָאג אַייךְ, רֶ׳ חַייקִיל אַז עֶס אִיז אַמִצְוָה צוּ גֵעהְן זֶעהְן, וִויא „אוּנְזֶערֶער“ זָאל לֶעבֶּען, וֶועט הָאבֶּען צוּ טָאן מִיטֶען גִלְגוּל, וִוי עֶר וֶועט אִיהְם פֶערְטְרַייבֶּען, וִויא עֶר וֶועט אִיהְם מְתַקֵן זַיין, מִיא וֶועט דָא פְּרָאסְט זֶעהְן הַשְׁגָחַת הַבּוֹרֵא“

„אִיר וֵוייסְט רֶ׳ לֵייבּ אַז אִיר הָאט מִיר אָן גֶעמַאכְט אַ חֵשֶׁק צוּ גֵיין זֶעהְן, נָאר וֶוער חַיים, וִויא דִיא זַאךְ וֶועט אַרוֹיס קוּמֶען“.

דָאס פֶערְלָאזְט זִיךְ שׁוֹין אוֹיף מִיר רֶ׳ חַייקִיל, אִיךְ וֶועל שׁוֹין וֶועגֶען דֶעם גֶעוָואהְר וֶוערֶען, אוּנ מִיר וֶועלֶען גֵעהְן צוּזַאמְמֶען.

„טְהוּט דַאס טַאקֶע רֶ׳ לֵייבּ, אִיךְ וֶועל אַייךְ דִיא טוֹבָה קֵיין מָאל נִיט פֶערְגֶעסֶען“.



## 2.

## אַשְׁמוּעֶם בַּיי דִיא פְּרוּשִׁים.

לִיבֶּע לֶעזֶער, אֵיידֶער מִיר וֶועלֶען מִיט-גֶעהְן מִיט ר' לֵייבּ'ן אוּנ ר' חַייקְלֶען צוּ זֶעהְן דִיא וואוּנְדֶער פוּן דֶעם „אוּנְזֶערֶען", הַאלְט אִיךְ נִיט פַאר אִיבֶּעריג זֵייא אַרַיין צוּ פִיהְרֶען אִין „רַאלִיקִיצֶער" בֵּית הַמֶּדְרָשׁ, אוּם אוּים צוּ הֶערֶען דֶעם גֶעשְׁפְּרֶעךְ פוּן דִי פְּרוּשִׁים, אִין דֶעם וֶעלְכֶּען אָוֶוענְד וָואס עֶס הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען דִיא גֶעשִׁיכְטֶע מִיטֶען „גִלְגוּל".

דֶער בֵּית הַמֶּדְרָשׁ זֵיינֶער הָאט שׁוֹין בֶּעוִויזֶען דִי 12 טֶע שָׁעָה אִין דֶער נַאכְט, דֶער „שַׁמֶשׁ" הָאט שׁוֹין פֶערְלָאשֶׁען אַלֶע לָאמְפֶּען, אוּנ דָאךְ הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט אַיין נִיהֶערְשְׁט קֵיין שְׁטִילֶע אִין אִיהְם, נָאךְ זִיצֶען נָאךְ אֵיינִיגֶע פְּרוּשִׁים פַאר דֶעם שַׁיין פוּן חֵלֶב'נֶע קָאפֶּעקְעֶנֶע לִיכְטְלַאךְ אוּנ שְׁוִויצֶען נַאנְץ גֶעשְׁמַאק וֶוער אִיבֶּער "אַתּוֹסְפוֹת" וֶוער אִיבֶּער "אמהרשאה" אוּנ וֶוער עֶפֶּעס אוֹיף אַקוּנְדְרִינְעֶן רַשִׁ"ים „כְּלוֹמַר"...

אוֹיךְ „בֶּעדִיל דֶעם שׁוּסְטֶערְס זוּהְן" - וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען דִיא עֶהְרֶע פַאר אַייךְ לִיבֶּע לֶעזֶער פָארְצוּשְׁטֶעלֶען מִיט זַיין וַואהְרֶען נָאמֶען „שְׁמוּאֵל חַיִים" - אִיז נָאךְ נִיט גֶעגַאנְגֶען צוּ הוֹיזֶע שְׁלָאפֶן, תָּאטְשׁ עֶר חַיִים נַאנְץ נִיט דָאס [illegible]

גֶעדולְד, נָאר וָואס זָאל עֶר טָאן, עֶס ווילְט זיךְ איהְם ניט אַוֶועק וואַרְפֶען אין מיטֶען „אַ.ענְיָן“ עֶר מוז נָאךְ עֶפֶּעס קאנְטְשֶׁען, איבֶּערִינְגְּס איז עֶר זִיכֶער, אַז זֵיי, דיא עֶלְטֶערִין, וֶועלֶען איהְם גֶעווים אויף דֶעם פֶערְצַייהֶען...

נָאר אָט איז מיט אַ מָאהְל גֶעוָוארֶען שְׁטִיל אין בֵּית הַמֶדְרָשׁ, דיא גְמָרָא׳ס הָאבֶּען זיךְ צוּ גֶעמַאכְט, אוּנ דִי פְּרוּשִׁים הָאבֶּען אָנְגֶעפַאנְגֶען זיךְ צוּ מַאכֶען גֶעלֶעגֶערְס, נָאר אֵיין „שְׁמוּאֵל חַיִים“ הָאט נָאךְ וִויא עֶס וַוייזְט אוים גָאר אין זִינֶען נִיט צוּ פֶערְמַאכֶען דִי גְמָרָא. עֶפֶּעס הָאט זִיךְ גְרַאדֶע איצְט אין איהְם עֶרְוֶועקְט אַ מָאדְנֶער חֵשֶׁק, אַמָאדְנֶע גֶעשְׁמַאקֵייט צוּ אִיהְר, אוּנ דַארוּם זִיצְט עֶר נָאךְ אַלְץ אויף אֵיין אָרְט, קְנֵייטְשְׁט דֶעם שְׁטֶערֶען, מַאכְט מִיט דִי הֶענְד אוּנ זִינְגְט דֶעם אוּמֶעדִינֶען זִיסֶען גְמָרָא נִיגוּן.

„וָואס הָאסְטֶע זִיךְ דָאס אַזוֹי פֶערְטִיפְט חַיִים שְׁמוּאֵל? עֶס אִיז דָאךְ שׁוֹין נִיט פְּרִיהּ“ אִיז אֵיינֶער פוּן דִיא פְּרוּשִׁים צוּא גֶעגַאנְגֶען צוּא חַיִים שְׁמוּאֵל׳ן.

דַאמָאלְסְט הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט חַיִים שְׁמוּאֵל אויף גֶעהוֹיבֶּען פוּן זַיין אָרְט, אִיז צוּא גֶעגַאנְגֶען צוּם זֵייגֶער אוּנ זֶעהֶענְדִיג אַז עֶס אִיז נָאךְ אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען פַאר צְוֶועלְף, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּא דֶעם זֶעלְבֶּען פָּרוּשׁ, מִיט דִיא וֶוערְטֶער, „עֶס אִיז דָאךְ נָאךְ קֵיין 12 נִיטָא, טוּ וָואס אִיז דָא אַזוֹיא דִיא שְׁפֶּעטְקַייט?..“

„דוּא הָאסְט דָאךְ אָבֶער צוּ גֵעהְן אַשְׁטִיק וֶועג, אוּנ דאצו

דאַצו נאָך פאַרבײַא דעם „בית עולם"...

„טוא וואָס איז?"

„איך ווײס עס איז עפּעס אומעדינלאַך"...

„וואָס איז דאָס מיר דעם ערשטען מאָל? דאַכט זיך איך גײעט אַללע נאַכט פּערבײַיא, אונ גאָט צו דאַנקען הלוואי ווײַטער, ביז איצט האָט מיר נאָך קײן זאַך ניט געטראָפען."

„פונדעסטוועגען וואָלט איך מורא האָבען צוא גײהן אַלײן בײַא דער נאַכט פאַר בײַא בית עולם" האָט זיך אַדריטער פרוש אַרײן געמישט אין דעם געשפּרעך.

„ווען דוא וואָלסט געוועזען געוועהנט וויא איך, וואָלסטו אויך קײן מורא ניט געהאַט."

האָט חיים שמואל ערקלעהרט זײן ניט מורא האָבען.

„געוועהנט! הײבט זיך אָן אַ מעשה, קוקען זײא דען אויף דעם?

„ווער איז דאָס דיא זײא?"

„וואָס פערשטעהסטע דאָ ניט? „מאַלע ווער עס קען זײן, אויף דערויף איז דאָך דאָס אַ בית עולם"...

„איך זאָג דאָך דיר אָבער, אַז איך גײה פּערבײַיא דעם בית עולם, אַלע נאַכט אונ עס האָט מיר נאָך הלוואי ווײטער קײן זאַך ניט געטראָפען."

„אָבער פונדעסטוועגען טרעפט דאָך אַמאָל פּאָרט, מ׳קען דאָך ניט אָבלײקענען, מיר זײנען דאָך חס ושלום

גײט -

ניט קיין כופרים, אונ ווען איך וואלט קיין מורא ניט האבען, אז דיר וועט דער נאך זיין אומעדינ צו געהן, וואלט איך דיר ערצעהלען וואס עס האט געטראפען טאקע ביי אונז אין „דילא".

„נישקשה דוא מענסט ערצייליען, איך בין ניט פון דיא שרעקענדיגע".

„דערצייהלט טאקע, דערציילט" האט אויך דער צווייטער פרוש זיך געבעטען.

„נוא ווען איר פערלאנגט וועל איך אייך דערציילען, אונ איך זאג אייך פריער אז דיא מעשה איז ניט קיין אוים געקלערהרטע, איך אליין בין דערביי געוועו, נאר זעצט זיך אקארשט אנידער אונ הערט אוים מיט קאפ".

שמואל חיים אונ דער צווייטער פרוש, האבען זיך גלייך געזעצט אויף איינע פון דיא בית המדרש ביינק, אונ דער „דילער" האט אן געפאנגען פאלגענדעס.

„ביי אונז אין דילא איז געוועו איינער א יונגער מאן, וועלכער האט געקענט גאנץ גוט לערנען, אונ דער צו נאך א סך קענטעניס, סיהאט זעהר געהאלטען פון איהם ביי אונז, דען צוא דיא אלע מעלות איז ער געוועו פרום וויא א איד דארף זיין, אונ האט חס ושלום ניט בענוצט זיינע קענטעניסע אין דער שלעכטער זייטע, קורץ וואס זאל איך אייך אפולע ברייען, אט דער יונגער מאן איז איין מאהל געגאנגען ביי נאכט, טאקע

שוין

שוין גאַנץ שפּעט, פֿון בית המדרש אַהיים. מיט אַ מאָהל ווי ער איז נאָר פֿאָרבּייא געגאַנגען פֿאַר דעם טייך געבּען וועלכען עס האָט געוועהנט זיין שוועהר, דערזעהט ער אייך אַ גרויסען שוואַרצען הונד, נוא מיילע אַ הונד, איז אַ הונד וואס האָט דאס צוא איהם, נוא געהט ער זיך זיין וועג, נאָר ווי דערשראָקען איז ער געוואָרען אַלעס ער האָט בּעמערקט, ווי דער הונד געהט איהם הינטען נאָך זעהר שטיל, אמת טאַקע ער האָט זיך ניט געהאַפּט בּייסען, ער האָט אֲפילו ניט געבּילט, נאָר וואס איז שייך, אַ אום בּעקאַנטער הונד אונ ער געהט נאָך, דעם יונגען מאַן איז דאָס בּאַלד ניט געפֿעלען געוואָרען, נאָר מאַך זיך בּעסער, קורץ דער הונד איז איהם אַזויא נאָך געגאַנגען, בּיז זיין שווערס הויז, אונ ווי ער האָט נאָר גיעפֿענט דיא טיר, אַז דער הונד פֿערלייפט דאס איהם אפּריער, האָט זיך אַוועק געשטעלט, אויף דיא הינטערשטע לאַפּעס, אונ איהם קוקענדיג גלייך אין דיא אויגען, האָט ער שרעקליך אָנגעפֿאַנגען צו בּיללען.

קורץ עס פֿערשטעהט זיך אַז דער יונגער מאַן, האָט געמאַכט גוואַלדען קולות. מיא איז גלייך אַרויס געלאָפֿען פֿון שווערס הויז, אונ מיא האָט דעם הונד אָבּגעטריבּען, אָבּער פֿון דאַמאָלסט אָן איז דער יונגער מאַן שרעקליך קראַנק געוואָרען, הט עפּעס אַלץ גערעט אום פֿערשטענדליכע ווערטער. האָט נאָר געפּלוידערט,

אַז עֶר אִיז אַפָּאלְקָאװְנִיק, אוּנ פְלֶעגְט קָאמַאנְדֶעװֶען, װִיא עֶס פִיהְרְט זִיךְ בַּייא סָאלְדַאטֶען, קוּרְץ דֶערְפוּן, דֶער שְׁװֶוער הָאט אִיהְם אַװֶעק גֶעפִירְט צוּ „אַנוּטֶען אִידֶען" אוּנ יֶענֶער הָאט גְלַייךְ גֶעטְרָאפֶען, אַז אִין הוּנְד אִיז גֶעװִוים גֶעװֶוען „אַ גִלְגוּל" „אַ זִינְדִיגֶע נְשָׁמָה" װֶעלְכֶע הָאט זִיךְ דָאס בֶּעזֶעצְט אִין דֶעם יוּנְגֶען מַאן, אוּנ נָאךְ פִיל מַאטֶערְנֶעס אוּנ הַשְׁבָּעוֹת, הָאט זִיךְ טַאקֶע דֶער אֱמֶת אַרוֹיס גֶעװִויזֶען. דֶער גִלְגוּל אַלֵיין הָאט עֶרְצֵיילְט, אַז עֶר אִיז אַמָאל גֶעװֶוען אַ אִיד אַ כּוֹפֵר, אוּנ אִיז גֶעװָארֶען אַפָּאלְקָאװְנִיק אוּנ מִיא הָאט אִיהְם נָאךְ זַיין טוֹיט אָבְּגֶעמִשְׁפָּט, אַז עֶר זָאל קַיין מְנוּחָה נִיט הָאבֶּען, אַז זַיין נְשָׁמָה זָאל אֲפִילוּ אִין גֵיהִנוֹם נִיט קֶענֶען צוּא קוּמֶען, בִּיז װַאנֶען עֶס װֶעט זִיךְ גֶעפִינֶען אַזֵיינֶער װָאס װֶעט אִיהְר מְתַקֵן זַיין.

קוּרְץ אִיךְ בִּין אַייךְ דָא נִיט אוֹיסֶען צוּא דֶערְצֵיילֶען דִיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע, נָאר אִיךְ מֵיין מֶעהְר נִיט צוּא בֶּעװַייזֶען, אַז הַלְוַאי זָאל נִיט טְרֶעפֶען, װִיא עֶס קֶען יֶע טְרֶעפֶען."

„נוּא אוּנ װָאס אִיז פָאְרט גֶעװָארֶען מִיטֶען יוּנְגֶען מַאן?... הָאט זִיךְ חַיִים שְׁמוּאֵל גִיאִינְטֶערֶיסִירְט צוּ װִיסֶען.

„דֶער יוּנְגֶער מַאן אִיז גֶעזוּנְד גֶעװָארֶען, דֶען דֶער גִלְגוּל – נָאךְ דֶעם אַז מִיהָאט אִיהְם מְתַקֵן גֶעװֶוען – אִיז פוּן אִיהְם אַרוֹיס, נָאר מִיר פֶערְדְרִיסְט װָאס אִיךְ הָאבּ

דאס

דָאס דִיר אִיצְט עֶרְצֵיילְט, דִיר וֶועט גֶעוִויס זַיין אוּמֶעדִיג צוּא גֵעהְן."

„עֶט! – הָאט חַיִים שְׁמוּאֵל זִיךְ אוֹיף גֶעשְׁטֶעלְט פוּן זַיין אָרְט – אִיךְ בִּין שׁוֹין לַאנְג פוּן דִיא שְׁרֶעקֶענְדִיגֶע אַרוֹים, אִיךְ בִּין שׁוֹין גֶעוֶועהְנְט, אַגוּטֶע נַאכְט, שְׁרֶעקְט זִיךְ פַאר מִיר נִיט."

„אַגוּטֶע נַאכְט, הָאבּ קֵיין מוֹרָא נִיט" הָאבֶּען אִיהְם דִיא פְּרוּשִׁים נָאךְ גֶעשְׁרִיעֶן.



# 3.

## גְוואַלְד אַ גִלְגוּל.

אָבְּוָואהְל שְׁמוּאֵל חַיִים הָאט פֶערְזִיכֶערְט דָאס עֶר אִיז נִיט פוּן דִי שְׁרֶעקֶענְדִיגֶע, אוּנ אָבְּוָואהְל אִין דֶער וַוארְהַייט – צוּלִיבּ זַיין גֶעוֶועהְנְהַייט יֶעדֶער נַאכְט פַארְבַּיי צוּ גֵעהְן דֶעם בֵּית עוֹלָם – הָאט עֶר זִיךְ טַאקֶע אַזוֹי נִיט גֶעשְׁרָאקֶען פַאר דוּמְהַייטֶען וִויא אַלֶע אִיבֶּערִיגֶע „לָארְקִיצֶער" נָאר דָאךְ אַרוֹיס גֵעהֶענְדִיג פוּן בֵּית הַמֶדְרָשׁ, הָאט עֶר גֶעפִּיהְלְט וִויא עֶס קְלַאפְּט אִיהְם שְׁטַארְק דִי הַארְץ, וִויא דִיא בְּלוּטֶען גֵעהֶען נִיכֶער גֶעשְׁוִוינְדֶער וִויא אַלֶע מָאל, וִויא עֶס שְׁוִוינְדֶעלְט אִיהְם אִין דִיא אוֹיגֶען, אוּנ וִויא עֶס מִישְׁט זִיךְ עֶפֶּעס אִין זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען...

דִיא נַאכְט אִיז גֶעוֶוען אֵיינֶע פוּן דִיא פִינְסְטֶערֶע הֶערְבְּסְט נֶעכְט, דֶער הִימֶעל אִיז גֶעוֶוען בֶּעדֶעקְט מִיט גֶעדִיכְטֶע שְׁוַוארְצֶע וָואלְקִינְס, אַקְלֵיינֶער קַאלְטֶער רֶעגֶען הָאט גֶעשְׁפְּרִיצְט גְלַייך אִין גֶעזִיכְט, אוּנְזֶער שְׁמוּאֵל חַיִים'ן, וֶועלְכֶער הָאט אִיהְם אִיצְט אִיבֶּערוּנְזְ וִוינְצִיג וָואס גֶעפִּיהְלְט...

דִיא גֶעשִׁיכְטֶע מִיטֶען יוּנְגֶען מַאן אוּנ מִיטֶען גְרוֹיסֶען שְׁוַוארְצֶען הוּנְד, הָאט אִיהְם בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גֶעקֶענְט אַרוֹיס פוּן דִיא גֶעדַאנְקֶען. וָואס עֶר הָאט זִיךְ נִיט צוּמַאטֶערְט, צוּ טְרַאכְטֶען וֶועגֶען עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ הָאט אִיהְם אַלְץ נִיט גֶעהָאלְפֶען, אָט זֶעהְט עֶר דַאכְט זִיךְ מִיט דִיא אוֹיגֶען, דֶעם יוּנְגֶען מַאן, חָאטְשׁ עֶר קֶען אִיהְם גָאר נִיט... אָט זֶעהְט עֶר וִויא דֶער שְׁוַוארְצֶער הוּנְד שְׁטֶעלְט זִיךְ אוֹיף דִיא הִינְטֶערְשְׁטֶע לַאפֶּעס, אוּנ עֶס צִיטֶערֶען אִיהְם אַלֶע גְלִידֶער, אִין זַיין גֶעזִיכְט בַּייטֶען זִיךְ אַלֶע קָאלִירֶען, אוּנ עֶר אִין גַאנְצֶען אִיז עֶפֶּעס וִויא אָבּ גֶעשְׁטָארְבֶּען, וִויא נִיט „עֶר"...

„טְפוּי זָאל דָאס וֶוערֶען! – נִיט עֶר זִיךְ אַלֵיין צוּ סוּטְה, – עֶט נַארִישְׁקַייט, עֶס אִיז גָאר נִיט" אוּנ מִיט דִיא וֶוערְטֶער, פֶערְגְרֶעסֶערְט עֶר זַיינֶע טְרִיט, אָזוֹ הָאט עֶר זִיךְ נָאר גֶעלָאזֶען לֵייפֶען, אוּנ אָט אִיז עֶר שׁוֹין גָאר נָאהֶנְט פוּן זַיין הוֹיז דֶען אָט אִיז שׁוֹין דֶער בֵּית עוֹלָם...

אוֹיפְ'ן בֵּית עוֹלָם הֶערְשְׁט אִיצְט דִיא גֶעוֶועהְנְלִיכֶע טוֹיטֶע שְׁטִילְקַייט, וִויא אַלֶע נַאכְט, דִיא אֵיינִיגֶע בּוֹימֶער–

וֶועלְכֶע

וָועלְכֶע וַואקְסֶען אוֹיף אִיהְם, שָׁאקְלֶען מִיט זַייעֶרֶע בְּלֶעטֶער, אוּנ רֵיידֶען זַייעֶרֶע שְׁטִילֶע אוּמֶעדִינֶע סוֹדוֹת, ווִיא אַלֶע מָאהְל אַז דֶער ווִינְט בְּלָאזְט נָאר, אוּנ דָאךְ הָאט אוּנְזֶער שְׁמוּאֵל חַיִּים'ן אוֹיס גֶעוְוִיזֶען, אַז עֶס אִיז עֶפֶּעס אִיצְט אַנְדֶערְשׁ ווִיא גֶעוְוֶעהְנְלִיךְ, ווִיא אַלֶע מָאהְל, עֶפֶּעס הָאט זִיךְ אִיהְם גֶעדוּכְט אַז עֶס אִיז אִיצְט נִיט אַזוֹיא שְׁטִיל אוֹיף אִיהְם ווִיא אַלֶע נַאכְט, אַז ווִיא עֶס פַּייפְט – רִיכְטִיגֶער גֶערֶעט – ווִיא עֶס וֵויינְט עֶפֶּעס אִימֶעצֶער דָארְטֶען, עֶר הָאט זִיךְ אָבּ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף אַיין אָרְט, אוּנ הָאט זִיךְ אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ בֶּעדֵיינְקֶען צוּ זָאל עֶר גֵעהְן צוּ נִיט. „עֶס אִיךְ זֶעה דָאךְ פָּארְט גָאר נִיט, מִיר דוּכְט זִיךְ נָאר אַזוֹיא אָבּ, אִיךְ בִּין אָן גֶעשְׁרָאקֶען“ הָאט עֶר אַם עֶנְדֶע גֶעפַאסְט מוּטְה, אוּנ זִיךְ גֶעמַאכְט אַהַארְץ צוּ גֵעהְן וַוייטֶער, אוּנ דָאךְ הָאט עֶר זִיךְ ווִיא נִיט ווִילֶענְדִיג דֶערְמָאנְט אִין זַיין „אַרְבַּע כַּנְפוֹת“ אוּנ ווִיא דֶערְשְׁרָאקֶען אִיז עֶר דָאס גֶעוָוארֶען, זִיךְ עֶרְאִינֶערִינְדִיג דָאס אַיין צִיצָה אִיז כִּמְעַט ווִיא אַפְּסוּלֶה...

אוּנ דָאךְ אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען וַוייטֶער זַיין וֶועג, אוּנ הָאט שׁוֹין כִּמְעַט אַלֵיין נִיט גֶעפִיהְלְט וָואס עֶר טְרַאכְט, זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען נָאר עֶרְשְׁרָאקֶען זִיךְ גֶעוָוארְפֶען אִין אַלֶע זַייטֶען, אוּנ אָה נָאט! אַשְׁוַוארְצֶער גְרוֹיסֶער הוּנְד גֵעהְט אִיהְם גְלַייךְ עֶנְטְגֶעגֶען ווִיא פוּן בֵּית עוֹלָם, עֶר גֵעהְט שְׁטִיל, אוּנ קוּקְט אִיהְם גְלַייךְ אִין דִיא אוֹיגֶען, דֶער אָרֶעמֶער

חַיִּים שְׁמוּאֵל, הָאט זִיךְ שׁוֹין פֶערְלָארֶען אִין גַאנְצֶען, עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין גָאר נִיט גֶענוּמֶען צוּא מִיהֶע צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען, פִּילַייכְט אִיז דֶער הוּנְד גָאר אַ אָבְּשְׁלַאג פוּן יֶענֶעם גְרוֹיסֶען שְׁוַוארְצֶען הוּנְד... פִּילַייכְט אִיז דֶער הוּנְד טַאקֶע גָאר אִיצְט בֶּעשַׁאפֶען גֶעווָארֶען אִין זַיין פַאנְטַאזִיֶע... אוּנ פִּילַייכְט אִיז דָאס טַאקֶע אַפְּרָאסְטֶער הוּנְד וְויא אַלֶע הִינְד...

דִיא אַלֶע אִיבֶּער-רֶעכוּנְגֶען זַיינֶען אִיהְם אִיצְט גָאר אִין קָאפּ נִיט גֶעקְרָאכֶען. דִיא קְרֶעפְטֶען הָאבֶּען אִיהְם פֶערְלָאזֶען, אוּנ אִיז וְויא אַשְׁטִיק בְּלַייא גֶעפַאלֶען צוּ דֶער עֶרְד אוּנ שְׁרַייעֶנְדִיג מִיט אַווִילְדֶען קוֹל

„גְוַואלְד אַגִלְגוּל".



## 4.

## וואוּנְדֶער אִיבֶּער וואוּנְדֶער.

גֶעבֶּען „זַלְמָן דֶעם שׁוּסְטֶערְס" הוֹיז, אִיז אִיצְט אַדֶערְשְׁטִיקֶענֶעשׁ, אַ אֵיינְגֶענֶעשׁ, מֶענְשֶׁען שְׁטוּפֶּען אוּנ שְׁפַּארֶען אֵיינֶער דֶעם צְוַוייטֶען, צוּ אוֹיס קְלַייבֶּען עֶפֶּעס אַבֶּעסֶערֶען בֶּעקְווֶעהְמֶען אָרְט, פוּן וַואנֶען זַייא זָאלֶען קֶענֶען הֶערֶען דִיא טַעֲנוֹת פוּן „גִלְגוּל". יֶעדֶערֶער שְׁרַייט וְויא מִיט בַּעַס „שְׁטַייסְט זִיךְ נִיט" „שְׁפַּארְט זִיךְ נִיט" אִין דֶער צַייט וָואס עֶר אַלֵיין, שְׁטַייסְט אוּנ שְׁפַּארְט דֶעם צְוַוייטֶען, אוּנ

דֶער

וָוער רֶעט שׁוֹין וֶוענֶען דִיא אֵיינְגְשַׁאפְּט וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ
אִין הוֹיז וֶועלְכֶּסט, דָארְטֶען אִיז טַאקֶע וִויא סִיא וָאנְט
„אַפִּילוּ אַקֶעפֶּעל פוּן אַשְׁפִּילְקֶע נִיט דוּרְךְ צוּשְׁפַּארֶען". אוֹיף
אַלֶעמֶענְס גֶעזִיכְטֶער אִיז אוֹיס גֶעדְרִיקְט אַ אוּם־בֶּעשְׁרַייבְּלִיכֶער
שְׁרֶעק אוּנ קִימֶער, אוּנ יֶעטְוִוידֶערֶענְס אוֹיגֶען זַיינֶען
אִיצְט גֶעוֶוענְדֶעט, דָארְטֶען צוּ דִי בֶּעט אִין וֶועלְכֶע עֶס לִיגְט
אוּנְזֶער בֶּעקַאנְטֶער „חַיִים שְׁמוּאֵל".

דַאמָאלְסְט אִין עֶרְמָאנְטֶען אָוֶוענְד, אִיז זַלְמָן דֶער
שׁוּסְטֶער שׁוֹין פוּן גֶעדוּלְד אַרוֹיס עֶרְוַוארְטֶענְדִיג זַיין אֵיינְצִיגֶע
טְרֵייסְט אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט זַיין קַדִישׁ אִיבֶּער הוּנְדֶערְט
יָאהְר, זַיין חַיִים שְׁמוּאֵלְ'ן, עֶר הָאט דָאס גָאר נִיט גֶעקֶענְט
פֶּערְשְׁטֵעהְן וָואס זַאכְט עֶפֶּעס אַזוֹיא פִּיל דָארְטֶען אִין
בֵּית הַמֶדְרָשׁ זַיין לִיבּ קִינְד, עֶס הָאט נָאךְ קֵיין מָאל נִיט
גֶעטְרָאפֶען, דָאס זַיין חַיִים שְׁמוּאֵל זָאל קוּמֶען שְׁפֶּעטֶער וִוי
צְוֶועלְף, אוּנ אִיצְט הָאט שׁוֹין דֶער זֵייגֶער אוֹיס גֶעשְׁלָאגֶען
„אֵיינְס" אוּנ עֶר אִיז נָאךְ אַלְץ נִיטָא, „אִיךְ מוּז אַרִיבֶּער
גֵעהְן זֶעהְן וָואס אִיז דָארְטֶען" הָאט עֶר זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט
צוּ זַיין „לֵאָה מַלְכָּה'ן" – „עֶס אִיז דָאךְ גֶעוִויס נִיט אוּמְזִיסְט"
אוּנ זָאגֶענְדִיג דִי וֶוארְטֶער הָאט עֶר אַוֶועק גֶעלֵייגְט זַיין
אַרְבֵּייט, הָאט אָן גֶעצוּנְדֶען אַחֵלֶב'נֶע גְרָאשֶׁענֶע לִיכְטִיל,
וֶועלְכֶע עֶר הָאט אַרַיין גֶעשְׁטֶעלְט אִין אַיין פָּאנַאר מִיט
פַּאפִּירֶענֶע שַׁייבְּלַאךְ אוּנ הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט גֵעהְן צוּם בֵּית
הַמֶדְרָשׁ, אוּנ וִויא עֶרְשְׁרָאקֶען וִויא צוּמִישְׁט אִיז עֶר דָאס

געוואָרען

גֶעוואָרֶען אַלְס אוֹיפְ'ן וֶועג גֶעבֶּען „בֵּית עוֹלָם" הָאט עֶר אָן גֶעטְרָאכְטֶען וִויא עֶפֶּעס אוֹיף אַלֶעבֶּעדִיגֶע זַאךְ, נָאר דָאךְ הָאט עֶר זִיךְ גֶעפַּאסְט מוּטְה, אוּנ זָאגֶענְדִיג דַאבַּיי „שְׁמַע יִשְׂרָאֵל" אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ אַיינְגֶעבּוֹיגֶען אַ קוּק צוּ טָאן אוֹיף וָואס עֶר אִיז דָאס אָנְגִיטְרָאפִין, אוּנ וֶועלְכֶע פֶּעדֶער וֶועט דָאס נָאר אִין שְׁטַאנְד זַיין פַּארְצוּשְׁטֶעלֶען זַלְמָנְס שְׁמֶערְצֶען אוּנ שְׁרֶעק, אַלְס גֶעגֶען דֶעם שַׁיין פוּן עֶרְמָאנְטֶען פָּאנַאר, הָאט עֶר עֶרְקֶענְט אִין דֶעם לִיגֶענְדֶען, זַיין הַיִּים שְׁמוּאֵל'ן, עֶר הָאט פוּן שְׁרֶעק גָאר פֶערְגֶעסֶען אַז עֶר גֶעפִינְט זִיךְ אִיצְט אוֹיף אַ טוֹיטֶע שְׁטִילֶע פֶעלְד וואוּ קֵיינֶער וֶועט נִיט הֶערֶען זַיינֶע גְוַואלְדֶען אוּנ קוֹלוֹת, אוּנ הָאט מִיט דִיא לֶעצְטֶע קְרֶעפְטֶען אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ שְׁרַייעֶן, „גְוַואלְד רַאטֶעוֶועט, רַאטֶעוֶועט מַיין קִינְד" נָאר וֶעהֶענְדִיג דָאס עֶר אִיז שׁוֹין הֵייזֶערִיג גֶעוָוארֶען שְׁרַייעֶנְדִיג, אוּנ קֵיינֶער קוּמְט אִיהְם צוּ הִילְף נִיט, הָאט עֶר זִיךְ אַם-עֶנְדֶע דָאךְ בֶּעדֵיינְקְט אוּנ הָאט זִיךְ אוּם גֶעקֶעהְרְט צוּרִיק צוּ הוֹיזֶע, אוּנ הָאט דָארְטֶען גֶעמַאכְט אַזַא לַארֶעם, אַזוֹיא אַז דִי נָאהְנְטֶע שְׁלָאפֶענְדִיגֶע שְׁכֵנִים, זַיינֶען נִיט טוֹיט נִיט לֶעבֶּענְדִיג, אוֹיף גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן דִיא בֶּעטֶען, אוּנ זַיינֶען כִּמְעַט הֵיילֶע מִיט גֶענַאנְגֶען, רִיכְטִיגֶער גֶעזָאגְט מִיט גֶעלָאפֶען, מִיט זַלְמָנֶען צוּם בֵּית עוֹלָם, מִיא הָאט דֶעם אָרֶעמֶען הַיִּים שְׁמוּאֵל'ן אוֹיף דִיא הֶענְד נָעבְּרַאכְט אַהֵיים. אוּנ דֶער גְלַייךְ קוּמֶענְדִיגֶער רַאלְקִיצֶער „רוֹפֵא" הָאט אִיהְם קוֹים מִיט דִיא גְרֶעסְטֶע מִיהֶע נעבראכט

---

גֶעבְּרַאכְט צוּרִיק צוּם לֶעבֶּען, אוּנ זֶעלְבְּסט דֶער רוֹפֵא, אִיז וִויא פַּארַאלִיזִירְט גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵעהְן אוֹיף זַיין אָרְט אַלְס חַיִים שְׁמוּאֵל קוֹמֶענְדִיג צוּ זִיךְ, הָאט מִיט ווִילְדֶע בְּלִיקֶען בֶּעטְרַאכְט דִיא הֶערְבַּייא שְׁטֵעהֶענְדֶע, אוּנ הָאט מִיט אַמְשׁוּנָה ווִילְדֶען קוֹל אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן, „טְרַייבְּט אַוֶועק דֶעם הוּנְד, אָ טְרַייבְּט אִיהְם אַוֶועק, גְוַואלְד אַ גִלְגוּל“.

„אָט דָאס אִיז טַאקֶע דִיא מַעֲשֶׂה...“ הָאט זִיךְ גְלַייךְ אַרוֹיס גֶערִיסֶען פוּן אַלֶעמֶענְס לִיפֶּען, אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעפַאנְגֶען בִּיסְלַאךְ וַויים אָבְּצֶערוּקֶען פוּן חַיִים שְׁמוּאֵל'ן...

„נָאר עֶס מַאכְט נִיט אוֹיס – הָאבֶּען זֵייא גֶעטְרֵייסְט דִיא עֶרְשְׁרָאקֶענֶע עֶלְטֶערֶען – נִישְׁקָשֶׁה שְׁרֶעקְט זִיךְ אַזוֹיא נִיט, נָאט צוּא דַאנְקֶען אוּנְזֶערֶער זָאל לֶעבֶּען אִיז אַ מוּמְחֶה צוּא דִיא זַאכֶען, אוּנ אִיר וֶועט זֶעהְן אַז מִיט גָאטֶעס הִילְף וֶועט „עֶר“ נָאךְ נָאר אִין גִיכֶען גֶעזוּנְד וֶוערֶען“.

אוּנ אִיצְט לִיבֶּע לֶעזֶער זֶעהֶען מִיר שׁוֹין דָאס בַּייא זַלְמָן'עֶן, דֶעם „לָארְקִיצֶער“ רָב, מִיט נָאךְ אֵיינִיגֶע שֵׁיינֶע פְרוּמֶע אִידֶען, – וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ דָאס אָן גֶענוּמֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיטֶען „גִלְגוּל“ אוּנ אַזוֹי, פִּיל נַייגֶערִיגֶע מֶענְשֶׁען פוּן פֶערְשֵׁיידֶענֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶען אוּנ יָאהְרֶען.

„אִיךְ בִּין אוֹיף דִיר גוֹזֵר מִיט דֶעם גְרוֹיסֶען חֵרֶם, פוּן יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן אַז דוּא זָאלְסְט דִיא מִינוּט פֶערְלָאזֶען

דעם

דֶעם גוּף פוּן הַבָּחוּר חַיִים שְׁמוּאֵל בֶּן לֵאָה מַלְכָּה"!
הָאט דֶער „לָארְקִיצֶער" זִיךְ שְׁטְרֵיינְג גֶעוֶוענְדֶעט צוּם „גִלְגוּל".

חַא-חַא-צַא, הָאט זִיךְ גִיהֶערְט אוֹיף דִיא רֵייד דֶעם גִלְגוּל'ס ווִילְדֶען גֶעלֶעכְטֶער.

„זָאלְלְסְט מִיר שׁוֹין זָאגֶען וֶוער דוּא בִּיסְט, אוּנ זָאלְסְט אוֹיף הֶערֶען אִיהְם צוּא סוּטְשֶׁען"! הָאט דֶער „לָארְקִיצֶער" נָאךְ שְׁטְרֵיינְגֶער גֶערֶעט.

דֶער גִלְגוּל הָאט גֶעשְׁווִיגֶען.

„עֶ דוּא בִּיסְט נָאר אַזַא עַזּוּת פָּנִים" – הָאט דֶער לָארְקִיצֶער מִיט כַּעַס גֶערֶעט – אוּנ הָאט דֶערְבַּייא זִיךְ אַיין גֶעבֵּייגֶען אִיבֶּער חַיִים שְׁמוּאֵל'ן, אוּנ הָאט אִין דֶער שְׁטִיל אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט פֶערְשֵׁיידֶענֶע „הַשְׁבָּעוֹת" אוּנ נֶעמֶען פוּן מַלְאָכִים.

„אָי אִיךְ וֶועל אַרוֹיס גֵעהְן, אִיךְ וֶועל אַייךְ שׁוֹין אַלְץ עֶנְטְווֶערֶען" הָאט זִיךְ גִיהֶערְט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער יָאמֶער פוּן גִלְגוּל.

דִיא אַלֶע הֶערְבַּייא שְׁטֵעהֶענְדֶע הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער־ גֶעקוּקְט ווִיא פֶערְוואוּנְדֶערְט אוּנ עֶרְשְׁרָאקֶען, נָאר דֶער „לָארְקִיצֶער" אִיז גֶעבְּלִיבֶּען גְלַייךְ-גִילְטִיג אוּנ הָאט מִיטֶען זֶעלְבֶּען שְׁטְרֵיינְגֶען טָאהְן גֶערֶעט: „טוּא זָאג".

„אָי וָואס זָאל אִיךְ טָאן! הָאט דֶער גִלְגוּל – וַוייטֶער גֶעיָאמֶערְט – אִיר נֵייטְה מִיר אִיךְ הָאבּ מוֹרָא פַאר אַייךְ, אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט פוּן אַייךְ אִין הִימְמֶעל, אִיךְ מוּז אַלְץ

אויסזאגען

אויסזאגען, איך בין אליין געוועזען אמאהל א זוהן צוא א ארעמען מלמד, מיין נאמען איז שמעון, איך האב כופר בעיקר געוועזען איך בין געווארען אפאלקאווניק, אונ איצטער אז איך בין געשטארבען, לאזט מען מיך ניט צו אפילו אין גהינום, איך האב זיך אזויא אויס געוואלגערט, אין אלע בלאטעס, אין שטיינער, אין ביינער, ביז וואנען איך האב שוין געקענט אריין געהן אין אמענשען, אונ איצט וועל איך ניט ארויס געהן, דען מיר איז ביי איהם זעהער גוט".

דיא הערביא שטעהענדע האבען זיך ווייטער איבער-געקוקט ערשראקען האבען געשאקעלט מיט דיא קעפ, געשמאקצעט מיט דיא ליפען, אונ האבען אנגענומען אין ערווארטונגס פאלע מינע.

„איך זאג דיר דאך אבער אז דוא זאלסט ארויס געהן" האט דער לארקיצער ווייטער געשריען נאך א קורצע שטילע.

„אונ וואס וועט איהר מיר טאהן אז ניט?"

„דוא וועסט שוין באלד זעהן וואס איך וועל דיר טאן" האט דער „לארקיצער" זיך געווענדעט צוא דיא הערביא שטעהענדע, זאגט אקארשט זיבען מאהל „ויהי נועם".

אין זאַלמָן׳ס הויז הָאט זיך גְלַייך גיהֶערְט אַשְרֶעקְלִיכֶער וויינינְדִיגֶער קוֹל, מיט דיא בֶּעגְלֵייטוּנְג פוּן דֶעם „וִיהִי נוֹעַם“.

„אֵי איך וועל אַרוֹיס גַעהְן“ הָאט דֶער גִלְגוּל זיך אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּא בֶּעטֶען, נָאר דֶער „לָארְקִיצֶער“ הָאט גֶעוואוּנְקֶען צוּם עוֹלָם, אַז זַייא זָאלֶען זָאגֶען וַוייטֶער, אוּנ ניט הֶערֶען זַיין גֶעבֶּעט.

„נוּא איצְטֶער ווֶעסְטוּ שוֹין אַרוֹיס גֵעהְן“ הָאט זיך מיט גְרוֹיסְקַייט דֶער „לָארְקִיצֶער“ גֶעוֶוענְדֶעט צוּם גִלְגוּל אַלְס דֶער עוֹלָם איז שְטִיל גֶעבְּלִיבֶּען.

„יֶע איך גֶעה „נָאר ניט מיר אַתִיקוּן אַז מיא זָאלְל מיר חָאטְש צוּא נֶעמֶען אין גֵהִינוֹם“.

„טוּא זָאג וואס פֶּערְלַאנְגְסְטוּ?“

„איך פֶּערְלַאנְג אַז חַיִים שְמוּאֵל׳ס פָאטֶער זָאל אַ יָאהְר נָאך אַנַאנְד, זָאגֶען נָאך מיר קַדִיש“.

„נוּא אוּנ פוּן וַואנֶען ווֶעט מֶען ווִיסֶען אַז דוּא בִּיזְט אַרוֹיס, טָאמֶער וועסְטוּא אוּנְז אָבְּנַארֶען?“

„אַז איך וועל אַרוֹיס וועט זַיין דֶער סִמָן, אַז עֶס ווֶעט זיך צֶעבְּרֶעכֶען אַ שוֹיב פוּן פֶּענְסְטֶער“.

„נוּא“ – הָאט דֶער לָארְקִיצֶער גֶערֶעט זיך אַוֶועק שְטֶעלֶענְדִיג, זָאלְל שוֹין זַיין ווִיא דוּא ווִילְסְט, מיא וועט שוֹין זָאגֶען נָאך דיר קַדִיש, נָאר איך בֶּעשְוֶוער דיר אַז דוּא זָאלְלְסְט איהם ניט מַזִיק זַיין, אוּנ זָאלְלְסְט אַרוֹיס

דֶערְכֶען מִינְדֶעסְטֶען פִינְגֶער, פוּן דִיא לִינְקֶע הַאנְד״.

„אִיךְ פֶערְלַאנְג אָבֶּער אַז חַיִים שְׁמוּאֵל׳ס פָּאטֶער, זָאלְל מִיר גֶעבֶּען אַ הַאנְד אוֹיף זַיין חֵלֶק לְעוֹלָם הַבָּא, אַז עֶר וֶועט זָאגֶען „קַדִּישׁ״.

„ר׳ זַלְמָן גִיט אִיהְם אַ הַאנְד הָאט דֶער „לָארְקִיצֶער״ זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּא זַלְמָן׳עֶן.

מִיט שְׁרֶעק, מִיט מוֹרָא, אִיז זַלְמָן צוּא גֶעגַאנְגֶען צוּא זַיין קִינְדְס בֶּעט, אוּנ אַרַיין לֵייגֶענְדִיג זַיין הַאנְד אִין זַיינֶע, הָאט עֶר מִיט טְרֶערֶען גֶערֶעט, „ר׳ שִׁמְעוֹן זֶעהְט אִיךְ בֶּעט אַייךְ, הָאט גָאט אִין הַארְצֶען, אוּנ מוּטְשֶׁעט נִיט מַיין קִינְד, אִיר וֶועט זֶעהֶען אַז אִיר וֶועט דֶערְנָאךְ קַיין חֲרָטָה נִיט הָאבֶּען, דֶען מַיין קִינְד קֶען גוּט לֶערְנֶען, אוּנ עֶר וֶועט אייה אַלֶע טָאג לֶערְנֶען פַאר אַייךְ אַ פֶּרֶק מִשְׁנַיוֹת אוּנ אִיךְ פוּן מַיין זַייט זָאג אַייךְ צוּ ר׳ שִׁמְעוֹן, צוּא זָאגֶען אַגַאנְצֶען יָאהְר קַדִּישׁ״.

גְלַייךְ נָאךְ דִיא רֵייד הָאט זִיךְ חַיִים שְׁמוּאֵל׳ס הַאנְד אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּא רִיהְרֶען צוּם זַייט פוּן פֶענְסְטֶער, דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאבֶּען אָנְגֶעשְׁטְרֵייגְט דִיא אוֹיעֶרֶען צוּא הֶערֶען וִויא עֶס צֶעבְּרֶעכְט זִיךְ בַּאלְד דִיא שׁוֹיבּ, נָאר צוּא זֵייעֶרֶע שְׁמֶערְצֶען, הָאבֶּען זֵייא נָאר נִיט גֶעהֶערְט, דִיא שׁוֹיבּ אִיז גֶעוֶועזֶען גַאנְץ, נָאר דָאךְ אִיז דֶער גִּלְגוּל אַרוֹיס, דֶען חַיִים שְׁמוּאֵל, הָאט זִיךְ גְלַייךְ אַוֶועק גֶעזֶעצְט אוֹיפְ׳ן בֶּעט, אוּנ הָאט מִיט וואוּנְדֶער גֶעפְרֶעגְט דִיא

דייטנג

דַייטוּנְג, פוּן אַזוֹיא פִיל מֶענְשֶׁען בַּיי זֵייא אִין הוֹיז.

אוּנ אַלְס מִיהָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, וָואס מִיט אִיהְם אִיז גֶעוֶועזֶען הָאט עֶר גִיעֶנְטְוֶוערְט „אִיךְ ווייס גָאר נִיט".

אַ צַייט, אַ צַייט, אִיז נָאךְ דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם, גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ בֶּעטְרַאכְט דֶעם הַיִים שְׁמוּאֵל׳ן, זֵייא הָאט זִיךְ עֶפֶּעס נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, אַז דֶער גַלְנוּל אִיז שׁוֹין טַאקֶע אַרוֹיס, נָאר זֶעהֶענְדִיג, אַז עֶר רֶעט וִויא אַלֶע גֶעזוּנְדֶע מֶענְשֶׁען, הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעפַאנְגֶען זִיךְ פֶערְנַאנְדֶער צוּא גֵעהְן, זָאגֶענְדִיג אֵיינֶע דִיא אַנְדֶערֶע „עֶס אִיז טַאקֶע פְּרָאסְט וואוּנְדֶער, אִיבֶּער וואוּנְדֶער".



# 5.

## יָאסֶעלֶע דֶער אַפִּיקוֹרֶס.

„נוּא וָואס וֶועסְטוּ אִיצְט זָאגֶען יָאסֶעלֶע ?" הָאט אוֹיף מָארְגֶען, נָאךְ דִיא אוֹיבֶּען גֶעבְּרַאכְטֶע סְצֶענֶע, „בֶּערִיל דֶעם דַיָנְס" גֶעפְרֶעגְט בַּייא יָאסֶעלֶען דֶעם אַפִּיקוֹרֶס.

יָאסֶעלֶע אִיז נָאךְ גָאר אַיוּנְגֶער מֶענְשׁ אוּם-גֶעפֶעהְר אַיָאהְר אַכְצֶעהְן, אַזוֹהְן צוּ אַפְרוּמֶען רַייכֶען אִידֶען אִין „לַארְקִיץ" דֶעם נָאמֶען „אַפִּיקוֹרֶס" הָאט עֶר גַאנְץ כָּשֵׁר

פערדינט

פֶּערְדִינְט, וויא דִיא רֶעזֶער וָועלֶען הֶערֶען פוּן זַיין גֶעשְׁפְּרֶעךְ מִיט „בֶּערִיל דֶעם דַיָנִם".

„וָואס ווילְט איר זָאל אִיךְ זָאגֶען?"

„אִיךְ מַיין דָאס גֶעגֶען דֶעם, וָואס דוּא לַאכְסְט שְׁטֶענְדִיג אָב, פוּן „גוּטֶען אִידֶען" אוּנ פוּן שֵׁדִים מִיט גִלְגוּלִים".

„אִיךְ הָאבּ גֶעלַאכְט אוּנ וֶועל לַאכֶען".

„שְׁטַייץ! וָואס הֵייסְט דוּא וֶועסְט לַאכֶען! מִיא הָאט דָאךְ גֶעכְטֶען טַאקֶע אַלְץ גֶעזֶעהְן בְּחוּשׁ".

„וָואס הָאט מֶען דָאס אַזוֹיא גֶעזֶעהְן?"

„פֶּע יָאסֶעל, אִיךְ קְרִיג זִיךְ שְׁטֶענְדִיג מִיט אַלֶעמֶען צוּלִיבּ דִיר אוּנ לֵייג אַיין מַיין לֶעבֶּען, וָוען אִיךְ הֶער אַז מִיא רוּפְט דִיר אַפִּיקוֹרֶס, אוּנ צוּם סוֹף – הָאבּ נָאר קַיין פֶּערְאִיבֶּעל נִיט – זָאגֶען זֵייא דָאךְ טַאקֶע קַיין לִיגֶען נִיט".

„אֲפִילוּ קַיין חֲרָטָה אוֹיךְ נִיט. נָאר זָאגְט מִיר שׁוֹין וָואס הָאט אִיר גֶעכְטֶען גֶעזֶעהְן?" הָאט יָאסֶעל גֶעלַאכְט.

„שְׁטַייץ וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהְן! זָאל אִיךְ שׁוֹין אַזוֹיא זוֹכֶה זַיין צוּ זֶעהְן אַלֶעם גוּטְס, וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהְן אַז „אוּנְזֶערֶער" זָאל לֶעבֶּען הָאט אַרוֹים גֶעטְרִיבֶּען דֶעם גִלְגוּל".

„נוּא אוּנ דֶער גִלְגוּל אִיז אַרוֹים?" הָאט יָאסֶעלֶע אִירָאנִישׁ גֶעפְרֶעגְט.

„וָואס פְּרֶעגְסְטוּ נָאךְ שַׁאֲלוֹת! עֶר הָאט גֶעמוּזְט אַרוֹים גֶעבַּאךְ נִיט ווִילֶענְדִיג, דֶען אוֹיף דֶערוֹיף אִיז דָאךְ

אונזערער

„אונזעהרער" זאל לעבּען, עפּעס וויא זאגט מען דאס, ער האט אפילו צוגעזאגט אז ער וועט צובּרעכען אשויב ארויס געהענדיג, נאר וואס אמת איז אמת, קיין שויב האט ער ניט צובּראכען".

„פאר וואס?"

„זאג דוא יאסעלע פאר וואס? האט בעריל וויא מיט כעס געפרעגט.

„ווארום ניט? אויב איר פערלאנגט נאר וועל איך אייך געוויס זאגען".

„נוא ווייא טאקע אזויא גוט און זאג" האט בעריל זיך קוים איין געהאלטען פון זידלען זיך...

ווײלע אין איהם, דאס הייסט אין דעם שוסטערס זוהן איז נאר קיין גלגול ניט געוועזען.

חא-חא-חא, – האט בעריל ביטער געלאכט – אדרבה זאג נאר טאקע דוא פהיליזאף איינער, טוא וואס איז דאס מיט איהם געוועז?

הערט נאר אוים ר' בעריל – האט יאסעלע נאך אקורצעם בעדענקען גערעט – איר זייט דאך א איד מיט

שכל

שֵׂכֶל, אוּנ עֶס פַּאסְט נָאר פַאר אַייךְ נִיט - רִיכְטִיגֶער גֶעוָאנְט - עֶס פַּאסְט נָאר נִיט פַאר אוּנְזֶערֶע אִידֶען אִין אַלְגֶעמֵיין, וֶועלְכֶע רֶעכֶענֶען זִיךְ דִיא קְלִינְסְטֶע פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער - צוּ גְלוֹיבֶּען אִין אַזֶעלְכֶע דוּמְהַייטֶען.

אִיר וֵוייסְט פוּן וַואנֶען קֻוועלְט דִיא אֱמוּנָה פוּן מֵתִים, שֵׁדִים, אוּנ דָאס גְלַייבֶען פוּן גִלְגוּל? אִיר קֶענְט נָאךְ אֶפְשַׁר מֵיינֶען אַז דִיא אַלֶע נַארִישֶׁע אֱמוּנוֹת הָאבֶען מִיר אִידֶען אַיְרוּשָׁה פוּן אוּנְזֶער גֶעזֶעץ, גֶעבֶער משֶׁה'ן?

נָאר אוֹיבֶּען אִיר קְלֶעהְרְט אַזוֹיא, אִיז אַרִיכְטִיגֶער בֶּעוַוייז אַז אִיר לֶערֶענְט אָהְן גֶעדַאנְק משֶׁה'ס תּוֹרָה, וֶועלְכֶע פֶערְזָאגְט אוּנְז שְׁטְרֵיינְג, „נִיט צוּ פִירְכְטֶען פַאר דִיא אַלֶע נַארִישְׁקֵייטֶען, פַאר וֶועלְכֶע עֶס פִירְכְטֶען דִיא הֵיידֶען, דִי גֶעטְשֶׁען דִינֶער".

יֶע! - הָאט יָאסֶעל וַוייטֶער מִיט פַייעֶר גֶערֶעט, נָאר דִיא אַלְטֶע הֵיידֶען, דִי נַארִישֶׁע ווִילְדֶע פֶעלְקֶער, הָאבֶּען דָאס אַרוֹיס גֶעבְרַאכְט דִיא אַלֶע דוּמְהַייטֶען, דִי אַלֶע פִּיקְסֶע אֱמוּנוֹת, נָאר מִיט זֵייעֶר פַאנְטַאזְיֶע, הָאבֶּען זֵיי דָאס אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט, מֵתִים פוּן דִי קְבָרִים, שֵׁדִים וֶועלְכֶע לוֹיפֶערֶען נָאךְ מֶענְשֶׁען אוּנ זִינְדִיגֶע נְשָׁמוֹת, וָואס וַואלְגֶערֶען זִיךְ אִין „עוֹלָם הַתֹּהוּ" נִיט אִיצְטֶער אִיז דִי צַייט אַייךְ צוּ עֶרְקְלֶעהְרֶען וִויא אַזוֹיא דִיא אַלֶע אֱמוּנוֹת זַיינֶען אִיבֶּער

גענאנגען

גענאַנגען אויך צו אונז אידען, אָבער דאָס מוז איך אייך נאָך אַמאָל זאָגען, „אַז עס פּאַסט גאָר ניט פאַר אונזערע אידען צו גלויבען אין אַזעלכע דומהייטען".

„דוא ווייסט יאָסעלע אַז דוא רעדסט דאָך עפּעס אַזויא - ווי זאָגט מען דאָס, דאַכט אַז רעזאָנע - יע, דוא רעדסט דאָך עפּעס אַזוי רעזאָנע, אַז מיא קען טאַקע דיר כמעט געגעבען, אָבער דאָס פּערשטעה איך ניט, טוא וויא קומט פּאָרט דיא געשיכטע מיטען גלגול".

איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט, אַז אין איהם איז גאָר קיין גלגול ניט".

טוא וואָס זע פּאָרט איז דאָס?

„דאָס איז גאָר צוליב דעם, ווייל ער אַליין, דאָס הייסט דעם חיים שמואל האָט זיך פון יוגענד אָן, אָנגעהערט פערשיידענע געשיכטעס מיט גלגולים, אונד דיא אמונה האָט זיך אַזויא שטאַרק פערפלאַנצט אין איהם, ביז וואַנען זיין אייגענער כח הדמיון (פאַנטאַזיע) האָט פאַר איהם פאָרגעשטעלט אַלערלייא שרעקען אונד איצט זיך ערשרעקענדיג, פלוידערט ער אוים דיא זעלבע רייד - וואָס וויא ער האָט אָנגעהערט - פלוידערען אַזוי אַלע גלגולים".

טוא פֶערְשְׁטֵעה אִיךְ דָאךְ טַאקֶע נִיט, וִויא אַזוֹיא הָאט דָאס אִיהְם „אוּנְזֶערֶער“ זָאל לֶעבֶּען, גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט ?

„דָאס אִיז אוֹיךְ קַיין וואוּנְדֶער נִיט ר׳ בֶּערִיל, דָאס קֶען אֲפִילוּ יֶע טְרֶעפֶען דָאס אַזוֹיא וִויא זַיין פַאנְטַאזְיֶע הָאט אִיהְם קְרַאנְק גֶעמַאכְט, זָא אוֹיךְ קֶען אִיהְם דִיא זֶעלְבֶּע פַאנְטַאזְיֶע — דִי זֶעלְבֶּע אֱמוּנָה אוּנ קְמִיעוֹת, אוּנ הַשְׁבָּעוֹת גֶעזוּנְד מַאכֶען... נָאר אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגֶען דִיא רִיכְטִיקַייט אַז מִיר גְלוֹיבְּט זִיךְ גָאר נִיט, אַז עֶר זָאל שׁוֹין זַיין פָאלְקָאם גֶעזוּנְד, דֶען אַם מֶעהְרְסְטֶען פֶערְשְׁטַארְקְט מֶען נָאךְ מֶעהְר דִיא קַאנְוואוּלְסֶע, וֶוען מִיא פַאנְגְט אִיהְר אָן צוּא הַיילֶען, מִיט דִיא רְפוּאוֹת פוּן מַלְאָכִים גֶעמֶען.

אוּנ אִיךְ רֶעכֶען אַז אָהְן אַדָאקְטֶער וֶועט מֶען דָא פָארְט נִיט אוֹיסְקוּמֶען.

„נוּא נֵעה שׁוֹין דָאס רֶעדְסְטוּ שׁוֹין וִויא אַאִינְגֶעל דֶען עֶר אִיז שׁוֹין פָאלְקָאם גֶעזוּנְד“.

„הַלְוַאי זָאלְט אִיר אֱמֶת זָאגֶען“ הָאט יָאסֶעלֶע גֶיעֶנְטְוֶוערְט, דֶערְלַאנְגֶענְדִיג בֶּערְלֶע דִיא הַאנְד צוּם אָבְּשֵׁיידְם-צֵייכֶען.



## 6.

## רֶעט זִיךְ וָואס אִיר וִוילְט.

„יָאסֶעלֶע דֶער אַפִּיקוֹרֵס“ הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט גֶעוִוים אוֹים רֵיידֶען אִין אַשְׁלֶעכְטֶע שָׁעָה, דֶען דֶער גִלְגוּל הָאט זִיךְ וַוייטֶער אָבְגֶערוּפֶען . . .

„לָארְקִיץ“ הָאט וַוייטֶער גֶעשְׁטוּרֶעמְט, גֶערוֹישְׁט, גֶעשׁוּמְט, דֶער „אוּנְזֶערֶער“ זָאל לֶעבֶען, הָאט זִיךְ גָאר פוּן דָאס נַייא גֶענוּמֶען צוּא דִיא מַלְאָכִים, צוּא דֶעם „וִיהִי נוֹעַם“ א. ז. וו. זַלְמֶן דֶער שׁוּסְטֶער, הָאט נָאךְ אַמָאהְל צוּא גֶעזָאגְט אוֹיף זַיין עוֹלָם הַבָּא, צוּא זָאגֶען קַדִישׁ אַגַאנְץ יָאהְר, אוּנ דֶעם מָאהְל הָאט שׁוֹין דִיא מִיטְלֶען גְרַאדֶע גֶעוִוירְקְט, דֶען אִין אַקוּרְצֶע צַייט אִיז הַיִים שְׁמוּאֵל פָאלְקָאם גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען.

דִיא לָארְקִיצֶער לְצָנִים, אוּנ אִיבֶּערְהוֹיפְּט אוּנְזֶער יָאסֶעלֶע, הָאבֶען אֲפִילוּ גֶעשְׁמוּעֶסְט, אַז עֶר אִיז גָאר גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען פוּן דָאקְטֶערְס רֶעצֶעפְּטֶען, וֶועלְכֶער הָאט בֶּעזוּכְט דֶעם קְרַאנְקֶען אֵיינִיגֶע מָאהְל, טַאקֶע מִיט דִיא עֵצָה פוּן „אוּנְזֶערֶען“ זָאלְל לֶעבֶען, נָאר וֶוער הֶערְט דֶען אַזֶעלְכֶע טְרֵפָה רֵייד, וִויא זָאגֶען דִיא לָארְקִיצֶער,

„רֶעט וִיךְ וָואס אִיר ווִילְט, אוּנ מִיר וֵוייסֶען מֶעהְר נִיט אַז נָאר אוּנזֶערֶער זָאלְל לֶעבֶּען הָאט אִיהְם גֶעוּרַאטֶעוָועט״.

„רֶעט זִיךְ וָואס אִיר ווִילְט אוּנ אַהַאנְד טוּז מֶען הַאלְטֶען, דֶער חֵלֶק לְעוֹלָם הַבָּא אִיז טַאקֶע אַשָׁאד״ זָאגְט אוֹיךְ זַלְמָן דֶער שׁוּסְטֶער אַלְס מִיא פְּרֶעגְט אִיהְם נָאךְ וֶועסֶען עֶר זָאגְט דָאס קַדִישׁ...

## עֶנְדֶע

